אֱלִיעֶזֶר שִׁינְדְלֶער

# פֿוּן סטעפּ אוּן יִשוּב

גִדִיכְטְן

1922

אֶליעֶזֶר שִׁינְדלֶער

# פוּן סטעפּ אוּן ישׁוּב

בִּידיכְטן

„Ewer" Buchhandlung
München Wagmüllerstr. 16

# ווינטער אין סטעפּ.

עס האָבן די ווינטן אַן גבול זיך צושפּילט,
און פירן פלאַמפּייער וכוחים;
און האָבן דעם בר־מינן סטעפּ איינגיהילט
גיוויקלט אין ווײַסע תכריכים.

זיי פילן זיך איצט ווי מושלים אָן גלייכן,
ווער'ט פּרוּוון זיך שטעלן זיי אַקעגן.
שטיל שטייען פאַרגליווערט פרודן און טייכן
פאַרשאַטן די סטעשקעס און וועגן.

זייער מלכות פאַרשפּרייט אױף טויזנטער מײַלן
און ווייסן קיין גבולן קיין תחומן.
סכּנות צו הערן אינײַנים זיי הײַלן
מיט וועלף וואָס פון צפון גיקומען. —

פון מענטשליכער מי קיין זֵכר גיבליבן,
סהאָט אַלץ ווי כ'א תהום זיך באהאלטן;
אָף אַלץ ליגט א חותם פון טויט אנגישריבן,
פון טויט וואָס אָן רַחמים טוט וואלטן, —

נאר עלנטע ווערבעס נאקעט און אָרעם
גיבליבן ווי שומרים גיטרײַע;
שטומע מצבות אַזֵכר פון קברים
א רעשט פון דער גרויסער לְוַיה . . .

## וואָלגע.

טײרע מאמע וואלגע,
טײך פֿון אלע טײכן;
מלכּה פון די וואסערן
ווער־קאָן צו דיר זיך גלײכן.

כוואלעס דײנע שטרוימען
גאנץ ווילד ווי טאָטערבלוט;

ווי סלאַנד דיינס טוסטער טרוימען,
ווי דיין מוזשיק ביזט גוט.

טיף און ווייט דיין אומעט,
שטאַרק און גרויס דיין גלאַנץ;
מיסטוריןֿ־פול בּוזט תּמיד
ווי דיין לעגענדנקראַנץ.

קרוין פון דיין מדינה
שיינסטע פון די טייכן;
וואָלגע רוסלאַנדס שכינה
סוד פֿון זיינע הייכן . . .

## באַם יאַראָסלאַן.

שָעהן לאַנג ווי ווילסט זיך ליגן
בּא דיין גרינעם ברעג און טרוימען;
צרזען ווי זיך הוידען וויגן
דיינע כוואַלעס, ווי זיי שוימען.

שפריצן טראפנס פריִשע קילע
אין דעם דושנעם פארנעם אָויר;
בעטסט די ברעגעס שטיל מחילה,
גלעטסט זיי ווי אן אלטן חבר.

ווי א בעטלער טוסט זיך שלעפן,
מיט א מאדנעם אומעט כישוף;
איינזאם זוי ווי דיינע סטעפן,
ווי די סטעשקעס ווייט פון ישוב . .

## דאָס דערפל בא נאכט.

פַּחדָניש דאָס דערפל באהאלטן
אין נאכטליכן טונקל גיהילט;
די כאטקעס ווי בעטלער גישטאלטן
וואָס אָקאָרשט זיי׳ר שפלות דערפילט.

ד׳פענסטער פארגלווערטע אויגן,
עלנטקייט שלאָגט פון די שויבן,

קינדער מיט יאוש גיזויגן
וואָס קענען אָן גוטס שוין ניט גלויבן. —

די צערקווע נאָר האלט זיך אין בלאָזן
אזוי ווי אן אֶמֶתֶר יורד,
קוקט מיט א שנאה אָף די שטראָזן
ווי אַשר אָפ'ן חַיל וואָס מורד . . .

## קירגיזן קברות.

ניט קיין גיפלאָכטענער פלויט
היט דאָס איינזאם קברים פעלד,
וואו דאָס פאסטוך פאלק נאָכן טויט
גיפונט אנייביק גיצעלט. —

א פּאָסע נאר א ברייטע
באשיצט די בערגלעך ערט,
פאר בהימות פארשייטע,
קעמלען חזרים און פּערט. —

און סע ליגן דאָ און דאַרט,
פאַרפוילטע ברעטלעך, סלופּעס;
מצבֿות שטום אָן א וואָרט,
צושטערטע קבֿרים קופּעס.

ווײַל ניט איינמאָל האָט גיטראָפן,
א בוהיי איז ווילד אריבער,
אָפן פעלד ארום גילאָפן
אופגידעקט די שטילע גריבער. --

## פּסחא

סהילעכט דער ישוב,
דער אָויר פול כשוף;
פון קלויסטער דעם זָקן
קלינגען די גלאָקן,

וועקן דעם עולם
רופן צום צלם

**דערמאָנען דעם נס:**
„כריסטמאָס וואַסקרעס."

מוזשיקעס פול גלויבן
לויפן גאַס לויבן,
מיטווײַבער און קינדער
דער ציילן די וואונדער

א הדרת אין כּראַם,
התפּעלות א ים,
מ'איז מרגיש דעם נס:
„כריסטמאָס וואַסקרעס."

## גֵרים.

**הויכע גיזונטע גישטאַלטן,**
**סלאַווישע צורות, זון־פאַרברענט;**
**קינדער פון צפון דעם קאַלטן,**
**מאַזאָליעס באַדעקן די הענט.**

האָדעווען בהימות און פערט,
ווילד ווי קאַלמיקן זיך רײַטן;
באַארבעטן פלייסיק די ערט
און וועלן דעם דת ניט פאַרבײַטן.

ווייט פון די היימען פאַרטריבן
גילײטן רדיפות אַסך,
און אַלץ האַרטנעקיק געבליבן
בײַ משהס אֱמונה און תּנ״ך. —

און איצט כאָטשע זייענדיק פרײַ,
ניט נויטיק אין קעלערס פאַרקריכן, —
זענען זיי ווייטער השׂטין געטריי
און בעטן הייס אָן משיחן . . .

## טומאַן.

די סטעפּ איז נעפּל אײַנגעהילט
ווי אין אַנ׳עַמוד עָנן;

א לופטל מיט מיין צעלט זיך שפילט
ווי יונגאלעך מיט פֿאָנען.

איך ליג אין טולופ צוגידעקט
און קארטשע זיך אין דרייען;
די פערט, פון שלאָף, מיך איפגיוועקט,
זיי מאָנען פלעווערס קלייען.

סהערט פון דערפל זיך א רווישן
סטראָגט זיך סקלאפן פון דער מיל. —
דורות בייטן זיך און טוישן
צייטן שטארבן אין דער שטיל . . .

## פארטאָג אין סטעפ.

דער טאָג קומט אָן זאכט פאמעלעך,
ספארשווינדן נאכט און שטערן;
די גראָזן זען גאָר ניט פריילעך
סמוטנע זיי שטייען און קלערן.

שאָקלען די קעפּלעך פוּל טרויער
וויינען מיט טרערן פוּן ראָסע
באַלד אָט וועט קומען דער פויער
צוגיין מיט זיין שארפער קאָסע.

זיי ווערן ווי מתים פאַלן
פארחלשט אָן קראַפט אָף דער ערד.
דאַן אָף ברידעמער פון שטאַלן
ליגן גרייט א מאכל פאר פערט . . .

## אהערלידל.

סמיעלע פערטלעך פריילעך
שלעפט דעם אקערייזן;
אצינדערט קענט איר מיר
אייר גיטריישאפט ווייזן

רזענט דעם גאנצן ווינטער
גיוועזן אף מיינע קעסט,

פאַרדאַסזשע פּערטלעך מונטער
די טובֿה ניט פֿאַרגעסט.

איר זייט אַרויס פֿון שטאַל
קייַלעכדיקע שטאַרקע,
איז אָפֿט אײַך איצטער הל
אַקערן מיין קרקע.

די לעמעזשעס זען שאַרף
גלאַנצן ווי די בריטוועס;
אַרבעטס ווי מעדאַרף
ציט דעם פּלוג בשותּפֿות.

## נאָך דער אַרבעט.

סשטייען די פּערט אַרום דער קאַריטע
פֿרעסן מיט חשק און קייַען,
פּאַטשקען די ליפּן אין מאכל גידריכטן
פּלעווע גישמאַלצן מיט קלייַען.

כשר פארדינט זיך גיהאָרעוועט שווער,
דעם גאנצן טאָג אינם כאָמעט;
די פּעלן גיבאָדן אין שווייס און אין שוים
גלאנצן אין טונקל ווי סאמעט. —

נאָר איינע — א קויבל — זיך וואלגערט אין גראָז
קאָפּעט און דרייט זיך אין דרייען;
שווער איז דער פלוג איר צוהארט איז די ערט
קוים וואָס זי דוכעט פאר ווייען. —

## אקערליד 1915

ווי געיאָגט פון בייזע ווינטן
שנייט דער פלוג אדורך די ערט;
סגייט די גוויע נאָך פון הינטן
פאָרנט דאָס יונגל שמייסט די פערט.

טרייבט זיי אונטער מיט גיביידזער
שלאָגט זיי אָפּטער מיט דער בייטש;

גיפאלן זיין פאָטער פארן קייזער
אין מלחמה מיט דעם דייטש . . .

זיי זענען דאן אין סטעפּ גיווען
מאָט גראָד גישניטן תבואה,
ווען דער חורבן איז גישען
גיקומען איז די שמועה:

אז אין „פּאָזיציע“ די סאָלדאטן
מוזן גיין דאָס לאנד „באפרייען“;
און גיטריבן אויך זיין טאטן
פון דער קאָסע צום כּלי זין . . .

בלייבן תּמיד אין זכּרון
וועט אים יענער טאָג פון שיידן.
דער פּאָטער מוז צום באן שוין פּאָרן
האלדזט און קושט זיך מיט'ן זיידן.

די מוטער וויינט און שרייט מיין כיבער
„אוי ווי ביטער און מיר שווער איז,
לאָזט אין צרות מיך דאָ איבער,
אָרעם, עלנט, און מעוברת . . .

גיטרייער וואסיא גיב א קוק,
ווי פאַרייָתומט מיר דאָ בלייבן;
למען השם ברייוולעך שיק,
זע וואָס אפטער אונדז צו שרייבן!“

אים האָט ער פעסט ארומגינומן
הייס גיקושט, גירופן „יונגער באלאבאָס“
זע סזאָלן די פערט צו כוחות קומען
שפאָר קיין האָבער קארג קיין גראָז!

זאלסט מיין קינד אָן גאט גידענקען
און די מאמן שוינען הערן;

אז ער וועט מיר סלעבן שענקען,
כעל בשלום זיך אומקערן.

פסחא, נאָך די לעצטע שנייען
סלעבן וועט מיר זיין באשערט;
פאָרן וועל מיר ווייצן זייען,
בראָניוועך אין סטעפ די ערט.

מיר וועלן זיך א יאטע שטעלן
פארנאכטן פייערס וועלן טלײַען;
פייגל וועלן זינגען טרעלן
פריילעך אין דער לופטן פליען . . . .
— — — — — — — — —

טעג ווי יאָרן זיך גיצויגן,
נימאָ נימאָ קיין שרייבן;
די מוטער ווײנט זיך רויט די אויגן,
אַ וויסטע אלמנה בלײַבן. —

דאן גיקומן איז א בשורה
פון די פוילישע קארפאטן:
א זעלנער פונם אלטן קירה
דערשאָסן האָט זיין טאטן . . .

באלד דערנאָך א יונגאלע
די מוטער האָט געבוירן;
אָרעם עלנט קינדאלע
נ'טאטן האָסט פארלוירן.

פֿוילט אין ווייטער פרעמדער ערט,
אַ קללה אָפ'ן קייזער!
סיונגל שמייסט מיט כעס די פערט
טרייבט זיי מיט גיבייזער . . .

## ראיא.

אין סטעפ האָב איך דיך סערשטע מאָל באגעגנט. —
איך האָב די פערט גיטריבן,

די ביזט הינטן אָף דער שניידמאשין גיזעסן,
מיט א קורצער ווידלע
האָסט דאָס זאפּטיק גרינע גראָז
פון די מעסערס אָפגישטראָכן. —

ווי א יונגע סאסנע אירע צווייַגן
וויגט אין שטורעם הין און הער,
האָסט מיט דיינע פעסטע אָרעמס
די גיארבעט. —

ווי א גידיכטער קוסט
אין א גיוויטער נאכט
האָבן דיינע הארטע ברוסטן
גיך באוועגט זיך. —

ווי א ווילדע כוואלע
האָסט יעדעס מאָל

די שווערע קופע גראָז
פון מאשין אראָפגישלײדערט. —

גיפונקלט האָבן דײנע אויגן
ווי די אויגן פון דער קויבל
וואָס גיגאנגן אין דער מיט
בא דער קאָסילקע. —

האָסטו זיך דערמאָנט
אָן דײַנן וואלאָדיא
וואָס קעמפט דאָרט ערגיץ
אין א ווייטן פרעמדן לאנד?! — — —

## מיר האָבן.

מיר האָבן איניינים בהימות גיכאוועט
גיפאסעט די שאָף און די רינדער אין פֿעלד,
אין אונדזערע הערצער צוזאמנגיקאָוועט
עס האָט אונדז קיין גלוט און קיין פֿייער גיפעלט.

פארשיידן די פעלקער, פארשיידן די שפראכן —
גיקניפט און גיבונען גאָר פֿעסט אונדזער באנד;
פארשיידן די וועגן פארשיידן די שליאכן —
דאָך ליבע דו קענסט נאָר איין איינציקן קאנט . . .

## מיין גרעסטער י"ט

מיין גרעסטער יום טוב איז גיוועזן
ווען איך פלעג גאָך דיר צו פֿאָרן;
און א סך מאָל איז גישען
כהאָב פאר פרייד דעם וועג פארלאָרן . . .

כבין דאן שפעט אין דאָרף גיקומען,
ביזט שוין פאר דיין שטוב גישטאנען,
האָסט גינומען כַּעסיק ברומען
און צו מיר קיין וואָרט ניט טַעהנען.

זענען מיר נאָר איפגיזעסן,
ווידער קריק אהיים גיפאָרן;

האָסט אָן רויגז גלייך פארגעסן
ביזט מיר ווידער גוט געוואָרן . .

פלעגסטו מאָנטיק הייסן שפּאנען,
מיט א שווערן זיפץ א טיפן,
בין איך אָבלדיק געשטאנען,
סבלות פון הארצן פלעג מיר טריפן. —

כהאָב געהאלטן לויז די לייצן,
פילנדיק דיין בליק דעם צארטן;
און דו פלעגסט זיך מיט מיר רייצן
„ווערסט ביז שבת מוזן ווארטן"! . . .

## צו . . .

שטענדיק זעסט אין מיר דעם יודן
כ'בין דיר פרעמד, דו אָסט מיך פיינט. —
די פרעמדקייט איז אן אלטע שוין
די פיינדשאפט אויך ניט ערשט פון היינט. —

זעסט אין מיר באהאלטן סודות,
גרויסע פלאָנטערס רעטעניש;
און דיין אומעט זאָגט בפירוש
„כ'קען דעם פֿרוד ניט אָפּווישן" . . .

## ווינטער בֿעלות

כבין הייַנט דער ערשטער וואָס איך גיי,
אַף דעם פֿריש גיפֿאַלנעם שניי,
גילאָסן איז מיין יעדער טראָט,
א רחמנות מיר א שאָד:
אזא פערלוווייסע דעק,
צו פֿאַרנאָרען מיט א פֿלעק.
כהאָב חרטה אַף יעדן טריט
בקוק פֿארדריסליך אַף מיין סליד.
סווילט זיך גערן גיין צוריק
ווארפֿן נאָכאמאָל א בליק,

אָף דעם קלאָרן ווינטער בילד
פול מיט ריינקייט אָנגיפילט.
ראפטום לויפן דאַן צום שטאל,
עפנען טיר און טויר מיט פראל;
לאָזן גיך די פערט אין הויף,
זיי העצן אין א ווילדן לויף,
אין א גרויסן פלאקער קרייז
ביז טריפן וועט פון זיי דער שווייס,
פון יעדן שפרונג און יעדן וואָרף,
הילכן זאָל דאָס גאנצע דאָרף.
כעל דאַן ברענגען ווידלעס היי,
צוואָרפן קופעס פראנק און פריי.
זאָלן די פערט גישמאק דאַן קייען,
קאָפען זיך פאר פרייד און ברייען;
אין שטאל, דער אָגער זאָל זיך רייסן —
פאר תאוה די קאָריטע בייסן — — —

## דיינע אויגן . . .

דיינע אויגן, הייליק בענקן
ווארפן פונקען ליבשאפט אומעט ,
נעמסטו נאָר א בליק מיר שענקן
דאן גיהער איך דיר שוין תָמיד.

דיינע לִידער, פרילינק ווינטלעד
שאפן נײַע האָפנונגשטערן,
דיינע צעפ, ווי שטראלנבינטלעד.
לעבנסחשק זיי פארמערן.

דיינע ווערטער, הארפנקלאנגען,
לאסקען סהארץ ווי צארטע פֵינגער;
ווי נביאישע גידאנקען
מאכסטו מיר דאָס לעבן גרינגער . . .

# בענקשאפט.

ווי ווילט זיך זען די ערטלעך
וואו כהאָב אמאָל גיליטן. —
ווי בענקט זיך נאָך די פערטלעך
וואָס כהאָב אָפּ זיי גיריטן. —

ווי בענקט זיך נאָך די טייכלעך
וואו כפלעג זיך אָפּטער באָדן;
ווי ווילט זיך זען די מיידלעך
טאַנצנדיק קאַראַהאָדן. —

ווי ווילט זיך קושן הענט
וואָס האָבן מיך גיפּלעגט,
פאַר מיר אלץ אָנגיווענט
וואָס סהאָט מיין הארץ באַוועגט. —

ווי ווילט זיך בענטשן שטיבער
וואו כהאָב זיך זאַט גיגעסן. —

סזען יאָרן שוין אריבער — —
און כקען דאָס ניט פארגעסן. —

## כ׳גידענק...

כגידענק נאָך יענע גיזאנגען
וואָס האָבן מיין ווייטיק גישטילט;
די צארטע הייליקע קלאנגען
וואָס כהאָב אין דיין נאָנטקייט גיפילט. —

און בענק נאָך די טעג און די צייט
וואָס מיט דיר איניינים פארבראכט. —
מיין זעל האָסטו יעמלט באַניים,
גיוועז ביזטו זון אין מיין נאכט. —

וועל איך אמאָל נאָך גיניסן
דאָס גליק פון די שטילע פארנאכטן,
ווי יעמלט די שטערן באגריסן
דעם הימל אין ליבשאפט באטראכטן?! — —

# איר שטיבל.

איר שטיבל אין גאנצן דַלית אֶל דַלִית
און דאָך אזוי ליכטיק ווארעם און ריין;
די בלום אָפ'ן טישל כּמעט שוין פארוויאליט
און דאָך האָט דאָ אלצדינג דעם זיבעטן חֵן.

אָט באלט דארף זי קומן, איך פיל, שוין גאָר נאָנט
אירע בליקן איר צִניעות גילעכטער;
אָן אלץ וואָס איז הייליק האָסט דו מיך דערמאָנט,
דו גיבענטשטע פון די אידישע טעכטער:

# גיפאנגען.

לעבן שמאָלע פענסטער
דיקע אייזנקראטעס;
מענטשן ווי גישפענסטער
איינגיהילט אין שמאטעס. —

פון גידריקטער ענגשאפט
בלייכע און פארשמאכטע, —
בליקן פול מיט בענקשאפט
פנים'ער פארטראכטע. —

נ'הויך דער קאָזאק שפאנט זיך
די טריט זיי קלינגן שארף . . .

כהאָב אָן היים דערמאַנט זיך
וואָס אין ווייטן מערב . . .

הינטער יענעם פּלויט . . .
אין מיט דער קלויסטער טורעם . . .
סקאָסעט גוט דער טויט
סמערן זיך די קברים . . .

סוואַרטן מאַמעס ווייבער
אָף ידיעות האפן. —
און די יונגע לייבער
פוילן שוין אין צפון . . .

נ׳הויף דער פּאָסטן שפּאַנט זיך
שטיקעס שאַרפע בליצן.
האָסט אָן היים דערמאָנט זיך
נ׳מוזט די ציינער קריצן . . .

## דער ערשטער ווינטערטאָג אין סיבירער פליען.

עס הוליען די ווינטן
וו'א כאַפּטע טייוולאָנים,
זיי פּאטשן פון הינטן
און סמאליען דאָס פּנים.

און רייסן די דעכער,
טרומאסען די פענסטער;
זיי גייען אף זוכער
די פראים געשפּענסטער.

אין לאגער איז שולט
אן אומת הדין,
מע פילט שוין גאנץ בולט
די אייזיגע שפין. —

און שטיל ליגן שורות
איינער באַם צווייטן
טויזנטער צורות
געקאַוועט אין קייטן. —

מע לאַטעט קיין קליידער,
מע וואַשט ניט קיין גרעט;
גלייך פילן אַ יעדער
וואָלט נאָנט שוין דעם טויט.

פאַרגליווערט דאָס ברומען
דאָס וויינען און לאַכן;
די טויזנטער שטימען
אין כּלערליי שפּראַכן. —

מע הערט ניט קיין קללה,
קיין זיפץ און קיין קרעכץ;
מען הערט זיך ניט ווינטשן
קיין גוטס און קיין שלעכטס. —

דער יוד שוין ניט האנדלט,
דער גוי שוין ניט שעלט;
ס'האָט גיך אלץ פארוואנדלט
די גרויזאמע קעלט. — —

## אליין גיטויט . . .

א רומענער אין אוזיען „דערטרונקען." . . .
זיין נאסער גוף האָט ווייט גישטונקען.
דאָס פּנים און דער בויך גישוואָלן
נאר די אויגן האָבן ווי גיקוואָלן:

„איך אליין האָב זיך גיטויט,
מוחל אייער לרימיק ברויט,
לאנג גינוק גידוירט דאָס מוטשען
כעל אייך שוין ניט מער דערקוטשען." . . .

א טרומנע גיך צונויפגישטעלט,
סהאָט אויך א צלם ניט גיפעלט. —

און דער סימבאָל פון קריסטנטום
שטייט דאָרט אויף זיין קבר פרום . . .

נאָווא איזיִרענסק 1915

## דו זעסט . . .

דו זעסט ווי סנעמט שוין טאָגן
קוק נאָר ס'ארא פייער!
דער מזרח ברענגט עס טראָגן
מיט א קראפט א נייער.

צוויאָגט שוין פון די נעסטן
די לאנגע שווארצע נאכט.
דער טאָג פון דור דעם גרעסטן
קומט דאן מיט זיין פראכט. —

1917

# אין קריגשפּיטאָל.

סיפֿיליסאָפּטייל אין קריגשפּיטאָל
פּאלאטע נומער זיבן. —
קראנקע רוסן און געפֿאנגענע
פון פראַנט צונויפגעטריבן. —

אין פעלדשערזאל, היינט נאכט א באל,
מאַדיארן מיט רוסישע ווייבער;
די קלעזמאָרים, ציגיינער קראנקע,
קוקן חיהיש אָה נאַקטע לייבער. —

# אב ת׳ר׳ע׳ד.

פון ווייטן שוין קומן חַילות גיריטן
ס׳הויבט אָן זיך דער תוהו ובהו;
צי וועלן די טייכן פון טרערן און בלוטן
אָפּוואשן די מענטשן פון צאה?

צי וועלן אויך דאן נאָך די פּראים ריגירן,
זיך זיצן מיט גדלות אָף טרוינען,
די פעלקער אלץ ווייטער אין זומפּן פארפירן
זיך צירן מיט בלוטיקע קרוינען?!

צי אֶפשָר בחינָם גאָר זיין די קרבנות
אומזיסט דער פארגאָסענער מארעך?
און פאלטשע כהנים וועלן נעמן מתנות
פארן בלענדן די מאסן מיט ווארעך?!

און ווייטער נאָך בילדן מחיצות, פארצאמען
די וועגן צו ליכט און צו חרות;
די הערצער און מוחות מיט צביעות פאַרסאמען
זיך פאשען פון פרעמדע עבירות?! . . .

## ביים מארשירן.

שוין דריי טעג קיין ביסן ברויט
קיין ברויט אין מויל גיהאט;
און מיר לויפן נאָך דעם טויט
לויפן נאָך דעם „שנאס“ סליאד.

ווונד דער רוקן און צו שלאָגן
דער טורניסטער דריקט אים שווער
דריי הונדערט קוילן מוז ער טראָגן
האק לאָפאטע און גיווער . . .

# אין שיסגרוב.

נודנע גראָע טעג,
שלעפן זיך ווי יאָרן;
ווען וועט זיין א ברעג
צו דעם גרויסן צאָרן?!

ווען וועט זיין גינוק
צו דער מענטשנשחיטה,
קלערן זיי דעם קריג
פירן ביז א שמיטה?!

איז ניטאָ קיין חַס
קיין גרעניץ צום מְחַבל,
א סוף צום פעלקערהאס
צום בלוטיק רויטן מבל?!...

ת׳ר׳ע׳ד.

# מלחמה לידל.

אין שיסגרוב שמוץ און וואסער,
סציטערט דער קערפער פֿאר קעלט;
ס'פנים פון הונגער ווערט בלאסער
דעם טאָג פון גיבוירן מע שעלט.

מע יאָגט אונדז שיסן מיט קוילן,
אָך מענטשן פון ווײַטער פֿרעמד;
דער גוף הויבט אָן צו פוילן
פול פאראזיטן דאָס העמד.

אך ווי נמאס צו הערן
דאָס שיסן, די טויטמוזיק,
פון פרעמדע בלוט און טרערן
באָדן זיך אנדרע אין גליק.

כאָטשע מסוכן ביזט קראנק
סמוטשעט צום טויט דיך די רור,

דערשטיק אין שמערץ און גישטאנק
אבי נאָר קעמפן פאר „קולטור“ . . .

נאָוו. ת׳ר ע׳ד

## ניטל אין פעלד.

ארום די סביבה ווייט און ברייט
אין זילבער־שנייען איינגישנייט;
באם וואלד זיך ציט א שווארצע קייט,
דער טויט האָט זיך דאָרט אויסגישפרייט . . .

עס שלענגלט זיך דער טיפער ראָוו
זיגזאגן לאנגע אָן א סוף . . .
ווי שאָטנס מענטשן דאָרטן קריכן,
גראָבן, מורמלען, קרעכצן, פלוכן.

קוילן שניידן דורך דעם אויר,
סזיפצט א פריינט עס פאלט אחבר;

סגיסט זיך ווארעם בלוט אָף ד'ערד
סזינקען לעבנס יונגצושטערט . . .

מיין שכן נעמט א ראָפּ דאָס היטל,
ישו׳ס נאכט איז היינט סיז ניטל.
בויגט זיך שעפּטשעט זאָגט זיין תפילה . . .
בעט פאר זיינע זינד מחילה . . .

1914.

## פארוואונדעטן טראנספּאָרט.

פון מלחמה פעלד דעם אָרט פון טויט
שלעפּט זיך א בויד נאָך א בויד,
מיט זעלנער פארוואונדעט האלב טויט,
און דער לאנגער שליאך, פון בלוט איז רויט. —

מקנא זענען מיר די מענטשן,
און מיר ווינטשן זיך און בענטשן,
מע זאָל אונדז אויך אזוי באלט פירן,
אבי ניט דאָרט אין פעלד קרעפּירן . . .

## א שטילע שעה.

עס איז איצט א „שטילע" שעה
ווילט זיך א היים א קארטל שרײַבן;
די מאמע ווערט אָן יאָרן גראָ
קען די דאגות ניט פארטרײַבן.

צוויי קינדער האָט זי אויפן פעלד
וועגן זיי נאָר טוט זי קלערן. —
דאָס איינציק וואָרע אָף דער וועלט
זענען נאָר א מאַמעס טרערן. —

## מיין טויטער שָכן.

כהאָב ניט גיפילט קיין ברעקל צער
צו דעם גיהארגעטן מאדיאר,
וואָס גילעגן בא מיר דריי מעת לעת
עפּיס גאָר ניט ווי א מת. —
אָף זיין פּנים, פּריש און רויט,

קיין סימן פון טויט. —
די וואָנסעלעך גידרייט מאַדיאַריש,
די ליפּן, האַלב מַמזֵריש, האַלב נאַריש — —
נאָר אפּן מאַנטל נאָנט באַם האַרץ
א פלעק, ווי פון טריפוואַקס, רויטליך שוואַרץ. —
בשעת מ'אָט אים אוועק גיטראָגן,
בין איך גיבליבן גאַנץ צושלאָגן,
כּהאָב שָׁעֶהנלאַנג ניט פֿאַרשטאַנען,
פֿאַרוואָס מ'אָט אים אוועק גישלעפּט פון דאַנען . . .

## פראָנט לאַזאַרעט.

אַן ענגער חזיר שטאַל —
א פראָנטאָווע שפּיטאָל —
א סַם המות קוואַל —
א שאול תַּחתּית טאָל. —

שטרוי צופילטס פאַרשטינקען,
פֿול פֿליי און לַײַז די בריק,

לעבנס דאָ פארזינקען
קרבנות פונם קריג. —

בייכער קעפּ צו שאָסן,
הענט און פיס פארפרוירן;
מארך און בלוט פארגאָסן
אברים פארלוירן. —

כאליערע טיפוס קרעץ
חולי נופל רור — — —
קרבנות פון גיזעץ
און קריסטליכער קולטור . . .

## נאכט קאמף.

א פינסטרע נאכט א פוילע נאכט,
א ווילדע זאווערוכע;
מיר גרייטן זיך אָף ס'ניי צום שלאכט
סבאגינט די טויט מלאכה. —

שטיל פארלאָזן מיר די גריבער,
שניידן דורך מיט אנגסט די דראָטן;
סנעמט א יעדן דורך א פיבער,
סשרעקט זיך יעדער פאר זיין שאָטן. —

ווי א דיקער וואָלק' א גראָער
דרייען זיך גידיכטע שנייען;
ספראלט א בליאסק, א רויך א בלאָער, —
סהערן זיך שוין ווייַ גישרייען: —

עס פארבן זיך די שנייען רויט
און סהילכען פרעמדע קלאנגען;
א טייל ליגט צוקאליטשעט טויט
א גרויסע צאָל גיפאנגען . . .

# עס זענען טעג פֿאַראַנען

מײַן קרובֿ און פֿרײַנט דוד האָרן

## מיין יחוס.

ניט פון פארמעגט איז מיין יחוס מגילה,
מע גִיפינט דארט ניט קיין גרויסע נעמן;
גיוועזן זען׳ מיינע זיידעס אידן שטילע
פשוטע, איך וועל זיך גאָר ניט שעמן.

אָף א טאָוול פון אנ׳אלטן זהר
סַך הכל עטליכע שורות . . .
א פְּראסטער דעמבענער טויער
א זכר פון שטילע גבורות . . .

## זכרונות.

מְער פון אלע חפצים
אין מיין זיידנס דירה
איז דער הענגלייכטער

מיר גיוועזן טייער
הייליקער אפילו
פון דעם אלמער ספרים.

אלע מוצא שבת
נאָך מלוה מלכה
פלעג די באָבע מיינע
מיט א ווייסן לײַלעך
אים גוט צופארהענגן
ר'זאָל נים שטויביק ווערן.

פרייטיק באלט נאָכמיטיק
פלעג ער ווידער בליאסקען
אין די גרויסע רערן
האלטן חלב ליכטלעך
ווארטן ביז דער זיידע
וועט זיי אָנעט צינדן.

סך מאל האָב איך גיטראכט
טרויריק במחשבה:
שטארבן וועט דער זיידע
שטארבן וועט די באָבע
חרוב ווערן וועט די שטוב
מיט דעם הענגלייכטער.

קומן וועט פון ערגיץ
באלט נאָך זייער פטירה
א מומע דאר און בייז,
ז'וועט א חלק וועלן
און דעם הענגלייכטער
פאר ירושה נעמן . . .

## אין גיוועלב.

מאָט מיך אין קלייטל איפגיכאָוועט. —
די שויבנטירן פון גיוועלב מיט אייַז פארקאָוועט

און קאַלט איז מוראדיק קאַלט — —
די מאַמע טרייסט: „אָט גיי מיר באַלט.״ —
העי! יאָ! העי! ספּאָרט ווער אַרויף דעם טיטשינער
באַרג

„אפשר וועט מען לייזן פאַר א פּלעשל אַרעק״!
אַריין קומט א יוד געזונט ווי א קלאָפּ
אָנגעטון א קאָזשוך,־ א שאַל אויפן קאָפּ,
ער סטופּעט מיט די שטיוואַנעס „אָט שבת״!
און בעט א פּלאַש אָקעוויט, נאָר ניינציק גראַט!
ער געזעגנט זיך, ווינטשט א גוטע נאַכט. —
מיר האָבן סגיוועלבל פאַרמאַכט. —
א שטילער א ווייסער ליגט זיך דער מאַרק — —
העי! יאָ! העי! דער יוד פאָרט אַרויף. דעם בלאַ-
זשיווער באַרג . . .

## װיסליק.

סצין זיך לאנג די ספירהטעג. —
די יודן פונם שטעטל
בענקען שטארק נאָך דיינע כוואלעס.
סווילן זיך באָדן אין דיין קלאָרן וואסער
שיינע יונגע כלות.
און מאמעס גלוסטן צו דיר קומן
הַגַם דו האָסט שוין אָפט בא זיי
קינדער צו גינומן . . .

## מיין מאמע.

דער ליכטיקער שטראל
אין מיין פינסטערן לעבן;
דער איינציקער קוואל
וואָס פרישונק קאָן געבן.

א טרייער באגלייטער
אין שווערן מהלך;
צוהעלפן א גרייטער
וואָ גוטינקער מלאך. —

## דיינע סגולות...

דיינע סגולות
דיין באגערן,
דיינע תפילות
דיינע טרערן. —

דיינע ליידן,
דיינע פריידן;
אל'דיינע טעג,
דיין לעבנסוועג.

דיין שטילער צער
דין הויך געוויין. —

איך ווייס ס'איז נאָר
פאר מיר אליין. —

## אין דער פרעמד.

א שוועסטער האָב איך דינט זי אין דער פרעמד
קומט ווען א היים זי, שטייט זי גאנץ פארשעמט. —
אפגיהאקט, בצמצום זענען אירע רייד
„א פרישן קאם, א שטיקל זייף, א ביסל גרעט." —

מע בעט זי זעצן — „ניין' זי מוז זיך איילן,"
גייט איר גוט צי שלעכט, וועט זי ניט דערציילן,
ז'מע זי מכבד וויל זי ניט גיניסן. —
זיפצט דער טאטע: „זאל דאָס ניט פארדריסן"?! — —

## צווישן גראע ווענט.

אומזיסטע ווערטער, פוסטע רייד,
לידער, לאָנקעס, רויזן;

אסלעבן צווינגט דיך זיין אין קלייט
האנדלען מוזט מיט הויזן. —

טרוימסט פון שוינקייט, פעלדער, וועלדער
גלייכע גופים, פעסטע הענט;
לסוף גאָר טראכטן וועגן געלדער
מוזטו צווישן גראָע ווענט. —

1921.

## דו גייסט טעגליך . . .

דו גייסט טעגליך פאר מיין טיר פאַרביי
און שוויַיגסט;
דיינע בלאָע אויגן בליקן טרַיי
פול גייסט.

ס׳ליגט אין זיי א יַם מיט בענקשאפט טרויער
און לייִד;
איז דיין לעבן אויך פארצאמט דורך מויער
און קייט? . . .

## פרעגסט מיך וואָס כבין זוי אומעטיק . . .

פרעגסט מיך וואָס כבין זוי אומעטיק,
פאַרוואָס זוי טרויריק סיז מיין בליק;
פאַרוואָס איך זיפץ זוי אָפּט און שווער
און סרינט פֿון אויג סך מאָל א טרער.

ווען דו וואָלסט מיין אָ מיין גיוועזן
און איך וואָלט אָפּטער דיך גיזעהן
דאַן וואָלט איך פריילעכער גידאַכט
און אפשר אויך א מאָל גילאַכט . . .

## גאַסן טויבן.

אָרמע גאַסן טויבן
פליען פאַר מיין טיר.
„גיב אונדז זשאַרקעס קלויבן!"
בעטן זיי בא מיר.

כעל אייך גערן געבן,
קומט איר שפּלע געסט!
דען עלנט איז מיין לעבן
און הפקר ווי אייער נעסט . . .

## צום רעגן.

גידיכטער פאלט איר טראָפּנס
שווענקט אָפּ דעם שמוץ און שטויב;
פון פיסן ביז צו קאָפּנס
איז שקר אלץ און רויב. —

וואשט אָפּ די טראטאָארן
די גאסן און די הייזער;
מיליאנען מענטשן גארן
נאָך ליכט און א דערלייזער. —

## איד.

אָף טויזנטער עקדות האָסט דיַין האלדז געשטרעקט
אָף טויזנטער מזבחות האָסט דיַין בלוט פארגאָסן;
טויזנטער פון דורות האָסט צום קאמף געוועקט
און קיינמאָל פאר קיינימן דיין ליכט פארשלאָסן —

אין טויזנטער פון פייערס האָסט דיַין זעל געלייטערט,
אין טויזנטער פון טייכן האָסט דיין גייסט גערייניקט;
דער שכר: די פעלקער האָבן זיך פון דיר דער
ווייטערט
אָף צלמים דיך געהאָנגען און געפייניקט. —

## גוסטאוו לאנדויער.

מוטיקסטער פון אלע קעמפער,
קלאָרער דענקער, חריף, גאון;
אונדזער פירער, אונדזער ענפער,
טרעגער פון דער רויטסטער פאָן.

גרויסער זון פון עם קשי ערף,
אמתזוכער פול עקשנות;
ווי בן עמרם אָפ'ן חורב,
ניט גישראָקן זיך פאר סכנות.

גיקעמפט פאר מענטשליך גליק און רעכט
גלייך מיכהן און ישעיה'ן;
דיין ציל גיווען: מיליאָנען קנעכט,
א וועלט פון שקלאפעריי באפרייען. —

האָסט גיצאָלט אָף דער עקדה
בכורים גורל, פאלן א קרבן . . .
גאנץ פאריתומט שטייט דיין עדה
אין א וועלט וואָס איז פארדאָרבן . . .

## פּריץ מרדכי קויפמאן.

אין אונדזער פרישן יונגן וואלד
דער שענסטער פון די בוימער. —

אן אמת גרויסע ליכט גישטאלט
א הארציק אײדלער טרוימער.

הײַס גיליבט דעם פֿאָלקסגײַזאנגען,
מיטגיליטן זײַנע צָרות.
ווי א חלום גיך צוגאנגען. —
סהאָט אונדז גאָט גישטראָפט מיט כָּרת . . .

## צו י. ל.

רעדסט דיר איין ביזט גאנץ באפּרײַט
פֿון דער טראדיציעס שווערער קייט;
נארסט זיך ברודער אָפּ אלײַין,
שטעקסט דאָרט נאך „מיט הויט און ביין“. —

זי פֿארנעמט דיין הארץ דיין מוח,
דיין טראכטן און דיין וועבן;
ברודער ניין ביזט ניט בכּוֹח
דעם טויטקלאפּ איר צו געבן. —

# א וועק א יונגע טויב פון נעסט . . .

א וועק א יונגע טויב פון נעסט,
גיהאָפט ז'עט ווידער קומן;
דר ליפ פאר צער צונויפגיפרעסט,
דערוואַרט א גרוס א שטומן. —

סזען זמנים, יאָרן שוין פאַרביי,
פאַרבלאַסט דער האָפנונגשטערן;
דער יאוש דריקט דאָס האַרץ ווי בליי
און פרעסט נאָר ספקותטרערן. —

פון אומבאַשטימטן סוף דער שמאַרץ
גרויזאם שרעקליך אומדערהערט. — —
סוועט אייביק בלוטן אונדזער האַרץ
אָף דעם גיצעלט וואָס איז צושטערט. — —

## חבקוק א׳ י״ג, י״ד.

גרויסער דַיָין האר פון רעכט
האָסט אמת ריינע אויגן;
קענסט ניט קוקן אָף קיין שלעכטס
און קענסט דעם דין ניט בויגן.

וואָזשע שווייגסטו ווען רשעים
פירן אָן דאָס גאנצע רעדל
אין פארשלינגען פון די פראים
לאָזטו אלץ וואָס גוט און איידל?!

הפקר האָסט דעם מענטש גימאכט
גלייך פיש אין ווייטע ים׳ן;
ווי ווערעם ווערן זיי באטראכט
צום טרעטן נאָר צום סמען . . .

## צו גרשון אָשעראָוו דעם יונגן מאָלער.

גיגלויבט איך קען די סטעפ שוין אומעטום,
יעדעס סטעשקאלע, צו גלייך צו קרום:
יעדעס ווינקאלע אין טאָל און בארג,
אלע קלאנגען דאָרטן שוואך און שטארק;
ברונעמס פרודן טייכעלעך און קוואלן
אלע שטראָלן וואָס זען דאָרט גיפאלן — — —
אז סיז דאָרט פאראנען נאָך א וועלט
אזוי פאר זיך, אָף זיך אליין גישטעלט,
מיט אן אייגנער אייגנער ערד און זון,
איך האָב קיינמאָל נים גיוווסט דערפון . . .

## עס זענען שָעהן דאָ אזוינע . . .

עס זענען שעהן דאָ אזוינע,
וואָס שלעפן זיך ווי וואסערן אומריינע

שטראלן קאלט ווי פּעטע מיסע ווערעם
גלאַנצן ווי נבלהישע גידערעם.

קומען אָט די נודנע גראָע שָעה'ן
פארעקלען זיי דיר יעדן קלאנג און טאָן..
קענסט אין ערגיץ דאן קיין טרייסט געפינען
ניטאָ קיין אָרט ווו זאלסט פון זיי אנטרונען . . .

## עס זענען טעג פאראנען . . .

עס זענען טעג פאראנען נודנע גראָע
וואָס האָבן אָן דיין זעל קיין שום השפּעה;
אלציינס זיי גייען פאר דיין אויג פאריבער
ווי סקריכן שלאַנגען איבער פוסטע גריבער. —

עס זענען טעג פאראנען נודנע גראָע
וואָס ניט צו גוטס און ניט צו שלעכטס זען ראוי,
וועקן ניט צום לעבן נויטן ניט צום שטארבן
אזוינע ליקן זענען דאָס, אָן ליכט אָן פארבן. —

און קומען אָט די טעג די נודנע גראָע
זוכסט קיין עצה דו קיין שום המצאה;
ווייסט ניט, צו איז דיין וועג דיר לייכט צו שווער,
צי בענקסטו נאָך גילעכטער דאן צו נאָך א טרער. —